


שלום עליכם.



# גענז

## א מאנאלאג פון א יודענע.

№ 104.

פרייז 5 קאפ.

פערלאג „פאמיליען־ביבליאטעק".

ווארשע. תרע"א.

Гензъ.
ВАРШАВА 1911.
Тип. Ф. Баумритера, Красинская пл. № 6.



# גֶעֶנְז.

(מאָנאָלאָג)

פון אַ יודישע וואָס האַנדלט בתית, קוילעט געענז חנוכה און פרעגעלט שמאַלץ אויף פסח.

---

פאַר איאָהרען חנוכּה האָב איך נישט פאַר איך געדאַכט נישט פאַר מיר געדאַכט נישט פאַר קיין שום יורען געדאַכט געהאַט איין אומגליק מיט אַ גליק אין־איינעם, איהר מעגט דאָס האָרכען; אַזאַ מעשה טרעפט זיך איין מאָל אין טויזענד יאָהר! איך האַנדעל מיט געענז האַנדעל איך און מיט פסח'יגער שמאַלץ שוין עטליכע און צוואַנציג יאָהר, — האָט זיך מיר, הערט איהר אַזאַ מעשה נאָך נישט געטראָפען.

איך האַנדעל מיט געענז! איהר מיינט אָט אַזוי נעמט מען דאָס, און מע האַנדעלט? ראשית חכמה הויבט זיך אָן אַזוי: קומט אָסען־צייט, אַרום נאָך סוכות, הויבט מען אָן אייַנקויפען געענז און פערוואַרפען די געענז אויפ'ן ווינטער אין שטאַל אַריין, און האָדעווען די געענז, און אַכטונג געבען אויף די געענז, און קומט חנוכה, הויבט מען אָן די געענז קוילען און מאַכען פון געענז געלד. נאָר איהר מיינט אַז אָט אַזוי גרינג קויפט מען געענז, און מע פערוואַרפט געענז און מע קוילעט געענז, און מע מאַכט פון געענז געלד? ערשטענס דאָס קויפען געענז. קויפען געענז דאַרף מען האָבען מיט וואָס. קיין לאַגער־געלד, קיין קאַפּיטאַל'ען אייגענע, הייסט עס, איז דאָך נישטאָ, מוז מען לייהען, אָנקומען צו רב אַלטערן, און רב אַלטערן קענט איהר דאָך, ס'איז אַ יוד, וואָס האָט ליעב אויסקאָכען די וואַסער, דאָס הייסט אָבזאָגען זאָגט ער נישט אָב, נאָר ער הייסט קומען מאָרגען, מאָרגען — איבערמאָרגען, נעמט אַרויס די נשמה, און ערשט נאָך דעם הויבט ער אָן ציהען די קליי: שלעפּען פּראָצענט, צורעכענען טעג. ס'איז אַ גוטער רב

אַלטער! נישט אומזיסט האָט ער אַזעלכע פּיסקעס, און זי, אַלטעריכע, מיין איך, האָט אַ פּנים אויף אַלע מײַנע ליבע, און אַ פּאָר באַקען חאָטש אַ מעסער אָנצושאַרפען. הײַנט איהרע פּעריל! אָט האָט זי ערשט נישט לאַנג פערקנסט דאָס טעכטער׳ל, איך זאָל דאָס פערמאָגען מיט אײַך אין־איינעם, הערט איהר, אַ דריט חלק, רבונו של עולם, וואָס דאָס קנס־מאָל האָט אָבגעקאָסט, וואָלט איך פערשפּאָרט האַנדלען מיט גענז... חאָטש אַ חתן האָט ער גענומען שטראָף מיך גאָט אויב איך וואָלט אַזעלכעס פאַר מײַנע זינד געגעבען מײַן טאָכטער, אַז בסך הכל האָט ער גאָר אַ פליך, איהר רופט עס פליך, איך רוף עס פּאַרך, נאָר ס׳איז נישט מײַן באָבעס דאגה; איך רעד נישט חלילה קײַן שלעכטס, און פון לשון הרע אויך ווײַט... נאָר איך מיש אײַך איינס מיט׳ן אַנדערן, האָט קײַן פּאַראיבעל נישט, ס׳איז בײַ מיר אַזאַ טבע, ווי זאָגט איהר: אַ יודינע האָט אין זיך נײַן מאָס רעד...

אײַנקויפען געגז! וואו קויפט מען געגז? אויפ׳ן מאַרק מיינט איהר דאָך מן הסתם? אַוודאי! יאָ! מיר זאָלען דאַרפען אַלע געגז צונויפקויפען אויפ׳ן מאַרק וואָלטען מיר געגאַנגען אין גאָלד! אַז איהר ווילט קויפען געגז אויף מסחר בעדאַרפט איהר זיך מטריח זײַן אויפשטעהן כאור, דעמאָלט ווען גאָט אַליין שלאָפט נאָך, און אַרויסגעהן העט־ווײַט אונטערן שטאָדט אויף יענער זײַט מיהלען; געפינט זיך אָבער נאָך איינע אַזאַ קלוגעטשקע ווי איהר און קומט אַרויס נאָך פריהער פון אײַך אויף יענער זײַט מיהלען; געפינט זיך נאָך אַ קלוגערע פון יענער אויך און קומט אַרויס נאָך פריהער, און נאָך פריהער — וואָס טויג אײַך סע ווערד אַ גאַנצער יריד, און דאָר־טען שטעהט מען און מע וואַרט און מע לאָקערט, טאָמער וועט גאָט רחמנות האָבען אַ גוי וועט אַרויסברענגען אַ פּאָר געגזלעך. בעפאַלט מען איהם מיט די געגזלעך פון אַלע זײַטען: שאָ טאָבי טשולאָוויטשע זאַ גוסקו? — וואָס ווילסט דו הײַסט עס פאַר׳ן געגזעל? איז אויב ס׳איז אַ גוי אַ סוחר און לאָזט זיך רעדען, קאָנט איהר זיך מיט איהם חאָטש דינגען! און אַז גאָט העלפט, טרעפט איהר אָן אויף מאַנקאָליניק, וואָס לאָזט גישט צו האָטש גיב איהם אַ קרענק: „העט באָ! שרײַט ער — געה אוועק! נעמאַ או מענע גוסקו — איך האָב נישט הײַסט עס קײַן געגזעל!״ — און געה טהו איהם עפּיס! טענה׳ט איהר דאָך צו איהם: היתכן שאָזש טי חאָטשעס אַ סיפּע דיר אין פּנים אי נעחײַ טובי באָזשע דאַיע קרענק אין די בײַנער אי דאָבּרע קרחת! און ער אין איין קול: „העט נע פּראָדאַיו גוסקו — איך פערקויף נישט הײַסט עס קײַן געגז!״ און אַז גאָט האָט רחמנות געהאַט דער גוי האָט אַרויסגעלאָזט דאָס געגזעל פון דער האַנד, בעדאַרף מען דאָס

גענזעל ערשט בעטראַכטען, און בעטראַכטען גענז בעדאַרף מען קענען, ס'איז אַ סברא הערט איהר אַז אויף גענז בעדאַרף מען זיין אַ מבין ווי להבדיל אויף ברילִיאַנטען. ביי אייך למשל קומט אויס אַז אַלע גענז זענען גלייך. דאָס ווייסט איהר אַז ס'איז פאַרהאַן גענז און ס'איז פאַרהאַן גאָנערס? אַ גאַנז איז נישט קיין גאָנער; אַ גאַנז איז אַ גאַנז און אַ גאָנער איז אַ גאָנער; אַ גאַנז נעמט אויף זיך שמאַלץ און אַ גאָנער מכות. אַ ווי אַזוי ווייסט מען וועלכעס איז אַ גאַנז און וועלכעס איז אַ גאָנער? מע ווייסט שוין! ערשטענס נאָכ'ן טשובעקל, אַ גאָנער טראָגט אַ טשובעקל אויפ'ן קעפּעל און האָט אַ לאַנגען האַלז; היינט דערקענט מען אַ גאָנער נאָכ'ן קול, ער האָט אַ גראָב קול ווי ביי מאַנסביל. און אַז ער געהט געהט ער תמיד פריהער פאַר די גענז, אויך ווי אַ מאַנסביל, ווי להבדיל אַ מענש. ביי אונז אַ מאַנסביל ער מעג זיין דער גרעסטער שלים־מזל, אַבי אַ מאַנסביל, געהט ער אויף צו פריהער, ווי איינער רעדט: דאָס בין איך!... וואָס דאַרפט איהר מעהר? אָט נעמט מיין מאַן, דאַכט זיך מע דאַרף שוין נישט קיין גרעסערן שלים־מזל ווי מיין נחמן בער, וואָס האָט נישט געפּרובט פערדינען זינט איך קען איהם פאַר אַ מאַן קיין צווייטע צעבראָכענע גראָשען! דער גאַנצער יחוס באשר כבן וואָס איז? ער קען לערנען און וואָס ער איז יאָסקע דעם נגיד'ס אַ ווייטער קרוב, ווי זאָגט איהר דעם פערדס בייטש שטעקעלס פאָדקאָווע... פרעגט מיך וואָס האָב איך פונ'ם נגיד דעם קרוב? די שונאים זאָלען דאָס פערמאָגען אויף איין אָנבייסען! עגמת נפש, האָב איך, צרות מיט בזיונות נאָך, וואָס מע וואַרפט מיר אויס אַז מיין קרובה, מיין קרוב'ס שנור הייסט עס, געהט מיט די אייגענע האָר... און ס'איז דוקא נישט קיין ליגען, זי איז אַ רעכטע טשאַטשקע! איך רעד נישט אויף איהר חלילה קיין שלעכטס, פון לשון הרע בין איך ווייט... נאָר איך מיש אייך איינס מיט'ן אַנדערן, האָט קיין פאַראיבעל נישט, ס'איז ביי מיר אַזא טבע, ווי זאָגט איהר: אַ יודינע האָט אין זיך ניין מאָס רעד.

איינקויפען גענז... איינגעקויפט די גענז בעדאַרף מען הייסט עס די גענז פערוואַרפען אויפ'ן ווינטער אין שטייג אַריין. נאָר איהר מיינט אַז פערוואַרפען גענז איז שוין גאָר אַ גרינגע זאַך? האָט איהר אויך אַ טעות! גוט איז צו פערוואַרפען גענז אַז איך האָב מיר מיין דירה מיט מיין קאַמער און איך בין מיר ווי זאָגט איהר איינע אויפ'ן יריד. ווי זיסע איז אָבער דער דין, אַז איך בין געזעסען נישט היינט געדאַכט נישט פאַר אייך געדאַכט נישט פאַר קיין שום יודען געדאַכט אין שכנות ביי יענטען, קיין בעזונדער קאָמער'ל האָב איך נישט געהאַט און די בעל־הבית'טע מיינע אַליין יענטע

הייסט עס האָט אויך אונטערגעהאַנדעלט מיט גענז און מיט פּסחדיגער שמאַלץ, אַנו, פּרובט אַ שטייגער האָבען מיט יענטען גענז אין איין קאַמער און ניט פּאַטשען זיך מיט איהר דריי מאָל אַ טאָג, האָט איהר אייך איין-מאָל אויעק. היינט פּרובט זייט אַ חכם און דערקענט וועלכע גענז ס'איז אייערע גענז און וועלכע גענז ס'איז איהרע גענז? אַנומעלט אַז איך בין נישט היינט געדאַכט נישט פאַר אייך געדאַכט נישט פאַר קיין שום יודען געדאַכט געזעסען מיט איהר אין שכנות האָט זיך ביי איהר, ביי יענטען הייסט עס, אויפגעריסען די שטייג אין קעמערל און עס זענען אַרויס זאָל זיך אייך דאַכטען אַלע גענז און האָבען זיך צוגעחאַפּט צו מיין קאָרעטע מיט האָבער, איז ווער האָט געהאַט היזק? ווער האָט בעדאַרפט שרייען? איך צי זי? געהט זי נישט און פאַלט נישט אָן אויף מיר? זי זאָל געוועזען, זאָגט זי, וויסען אַז איך האַנדעל מיט גענז, וואָלט זי מיר, זאָגט זי, נישט פּערדונגען די דירה פאַר קיין הונדערט מיליאָן רענדלעך! זאָג איך צו איהר: מיט וואָס דען האָט איהר געמיינט האַנדעל איך? מיט ברילאַנטען? זאָגט זי צו מיר: איהר זענט אַליין אַ גוטער ברילאַנט און האָט אַ מאַן אַ ברילאַנט און קינדער ברילאַנטען! זאָל איך איהר שווייגען?...

אַ מאָדנע יודינע אָט די יענטע! אַזוי וועט זי אייך אַוועקגעבען דאָס לעבען מיט דער נשמה; טאָמער זענט איהר חלילה קראַנק, וועט זי זיך מפקיר זיין פון אייערטוועגען, נאָר אַ „שפּילשליוואַ" איז זי — מע זאָל בעהיט און בעוואָרענט ווערען! אָט האָבען מיר זיך איין מאָל, ערב-חנוכה איז דאָס געוועזען, איך זאָל אייך דערצעהלען וואָלט איהר אויף זיך די האָר געריסען. דער חסרון וואָס איך קוק נישט אַריין אין יענעמס טעפּלעך און רעד נישט הלילה קיין שלעבטס און פין לשון הרע בין איך ווייט... נאָר איך מיש אייך איינם מיט'ן אַנדערן, האָט קיין פּאַראיבעל נישט, ס'איז ביי מיר אַזאַ טבע, ווי זאָגט איהר: אַ יודינע האָט אין זיך ניין מאָס רעד...

איצטער געהט אַ סדרה: פּערוואַרפען גענז... אַז איהר ווילט די גענז זאָלען אייך געראָטען זאָלט איהר פּערוואַרפען די גענז אינ'ם אַ ל ט ע ן הודש; גאָט זאָל אייך היטען איהר זאָלט זיך צוריהרען צו גענז אין אָנהויב חודש, תיכף נאָכ'ן מולד; ס'איז איין אומגליק, די גענז וועלען אייך נישט געראָטען: די גענז וועלען זיין גראָב אויפ'ן ביין, און דין אויף דער הויט, און אויף פלאָסטערן זאָלט איהר זיך פון די גענז גאָר נישט ריכטען! פלאָסטערן פּערגעסט? אויך ביי טאָג, ווען איטליבער דרעהט זיך אַרום, זאָלט איהר קיין גענז נישט פּערוואַרפען. גלייבער פאַר נאַכט ביי

אַ ליכט אָדער אַפילו אין דער פינסטער, נאָר בשעת מעשה זאָלט איהר זיך געבען אַ קניפּ און זאָגען שטילערהייד דריי מאָל: „אַזוֹי ווי איך בין אויפ׳ן לייב אַזוי זאָלסט דו זיין אויפ׳ן לייב...״ מיין מאַן לאַכט אַפילו פון מיר און זאָגט אַז ס׳איז ווערט אַ שמעק טאַבּעקע, נאָר איך זאָל וועלען צוהערען אַלסדינג וואָס ער זאָגט, וואָלט איך געוועזען לייטען גלייך. למאי ער פערגינט זיך זאָגען, דער מאַן מיינער — ער איז אַ גאַנצער למדן, זיצט טאָג ווי נאַכט און קוקט אין די ספרים — אַז כפּרות שלאָגען איז אַ נאַרישער מנהג. ווי געפעלט אייך אַ שטיינער? מאָלט אייך ער האָט זיך פון מיר נישט גענאַרט פאַר אַזעלכע ווערטער! ביסט דאָס אַליין טאַקי דערגאַנגען, זאָג איך, מיט דיין אייגענעם שכל?... זאָגט ער: סע שטעהט אַזוי געשריבען אין די ספרים. קומט אויס, זאָג איך, אַז איך און די מאַמע מיינע, און די מוהמע דבורה, און נחמה ברײַנע, און סאָסע, און דוואָסע, און צביה און צפורה און אַלע, זענען בהמות? שווייגט ער, דער חכם, און ס׳איז זיין גליק, וואָרום איך קאָן איהם הערט איהר, אָבשפּיעלען אַ פּריה־מאָרגען, ער זאָל מיך געדענקען דריי טעג כסדר! איהר מיינט איך בין חלילה אַזאַ ארורה, איין אָנחאַפּערן? גלויבט מיר איך ווייס גאַנץ גוט וואָס הייסט אַ בן־תורה, אַ יוד וואָס זיצט און לערנט, חאָטש ער טהוט נישט קיין האַנד אין קאַלט וואַסער, איהר מיינט ער פוילט זיך? ער וואָלט נעבעך געטהון אַלסדינג ס׳זאָל נאָר זיין וואָס... זיצט ער און לערנט, לאָז ער לערנען, וואָס דאַרף איך זיין האָרעוואַניע, אַז איך קאָן אַליין בעשטעהן דאָס שטעדטעל מיינס, אַז איך קאָן אַליין אויסקומען ווי ס׳נישט איז מיט דער הוצאה אין שטוב. חלילה נישט אָנקומען צו יענעם. אַליין, אומעדום אַליין, אין מאַרק און אין שטוב און אַוועקגעשטעלט זיך ביי׳ם אויוען, צוגעשטעלט דאָס טעפּעל קאַרטאָפלעס אין די קינדער אָנגעטהון און אָבגעשיקט אין חדר, דאָס איז ביי מיר דער עיקר! ברויט זעהט איהר, מאַכט זיך פעהלט אַמאָל. חלה אויף שבת טרעפט אַז ס׳איז נישטאָ, נאָר פאַר די קינדער שכר־למוד — פיער זכרים האָב איך זאָלען געזונד זיין אַ חוץ מיידלעך — דאָס מוז זיין, עס מעגען פאַלען שטיינער פונ׳ם הימעל! איך בין נישט גלייך צו די היינטיגע וואָס די קינדער זייערע שטופּען זיי אין די קלאַסען, ווי למשל אונזער חזנ׳ס יונג בערעל, אַ פאָלנע גוי מיט קעלבאַס. חאַפּט איהם דער רוח, איך בין נישט גאָטס סטראַפּטשע, איך רעד נישט חלילה קיין שלעכטס און פון לשון הרע בין איך וויים... נאָר איך מיש איך איינס מיט׳ן אַנדערן, האָט קיין פאַראיבעל נישט, ס׳איז ביי מיר אַזאַ טבע, ווי זאָגט איהר: אַ יודינע האָט אין זיך ניין מאָס רעד...

פֿערוואָרפֿען די גענז בעדאַרף מען נאָר זעהן די גענז זאָלען האָבען האָדיוולע, דאָס עסען צו דער צייט און דאָס טרינקען צו דער צייט. און ווייטער גאָרנישט, וואָרום גענז איז נישט קיין קאַטשקעס און נישט קיין עופֿות. קאַטשקעס האָבען מורא פֿאַר פֿיקען אין עופֿות פֿאַר אַ טחויר, און גענז בעדאַרפֿען נאָר עסען. אין עסען ע־ע גענוג גלט י.ג: גענז עסען האָבער, גענז עסען פּראָסע, גענז עסען קאַשע, גענז עסען איך בעט איבער אייער כבוד נאָך ערגערס . . . אַ גאַנז קלויבט נישט איבער, אַ גאַנז שלינגט אַלצדינג. אַ גאַנז איז תמיד הונגעריג, ווי בײַ אַיין אָרעמאַן קינדער להבדיל. בײַ אַיין אָרעמאַן קינדער עסען קיין עין הרע געשמאַק אַלסדינג וואָס מע גיט זיי און זענען קיין מאָל נישט זאַט. איך ווייס עס פֿון זיך זעלבער. לאָזען זיי זיין געזונד, די קינדער מיינע, אַז זיי קומען פֿונ׳ם חדר, קיין עין־הרע נישט, קיין בעז אויג זאָל זיי נישט שאַדען — אײדער מע קוקט זיך ארום שטאַרבט אַ ברויט, און פֿון אַ טאָפּ קאַרטאָפֿלעס בלײַבט נישט איבער איהר זאָלט זאָגען אויף אַ רפֿואה! און קומט שבת מוז מען זיי אויסטיילען חלה ווי לעקאַך, און דאָס איבעריגע פֿערשליסען, וואָרום עס וועט נישט בלײַבען אויף מאָרגען קיין זכר אַפֿילו! קינדער הערט איהר, איז אַ וואָהלע זאַך און אַ ליעבע זאַך, עס וואָלט מיר נישט נמאס געוואָרען און נישט שווער געוועזען קיין צעהן קינדער פֿופֿצעהן קינדער פֿינף און זיבעציג אויסצוהאַלטען, איין חסרון נאָר אָט דער פּיסק! נגידים בעדאַרפֿען זיך פֿיהלען איך ווייס אַליין נישט ווי גליקליך, אַז זיי ווייסען וואָהל, אַז זייערע קינדער לעגען זיך שלאָפֿען זאַט און עס חלומט זיך זיי נישט קיין ביטלערס, זיי חאַפּען זיך נישט אויף בײַ נאַכט מיט אַ געוויין: „מאַמע ע־ע־ע־סען! . . . .“ הערט איהר, דאָס האַרץ טהוט וועה, ווערד אָקערשט נישט צעשפּרונגען און מע מוז נאָך מאָלט אייך אָנשרײַען אויף זיי: „שלאָפֿען! ממזרים! וואָס פֿאַר עסען אין מיט׳ן בײַ נאַכט? שלאָפֿען, שלאָפֿען! . .“ פֿון דעסטוועגען זאָלט איהר זעהן די נגידים, ווי סע האַפּט זיי אַוועק דער רוח, טאָמער ווערד בײַ זיי געבוירען חלילה איין איבעריג קינד! אַי — אַי — אַי! אָט איז בײַ אונז נישט לאַנג אָוועקגעגאַנגען איינע אַ נגידית׳טע, אַ ווײַבעל בלוט און מילך, און אַ גוטע זעעל אַ צדיקת, בײַליצע האָט מען זי גערופֿען, אַ שעהנע אַ געזונדטע אַ שטאַרקע, מיינט איהר איבער וואָס? ס׳איז נישט כדאי צו דערצעהלען, זי איז שוין אויף דער אמת׳ער וועלט, לאָז זי האָבען אַ ליכטיגען גן־עדן, איך רעד נישט חלילה קיין שלעכטס אויף קיינעם און פֿון לשון־הרע בין איך ווייט . . . נאָר איך מיש אייך איינס מיט׳ן אַנדערן, האָט קיין פֿאַראיבעל נישט, ס׳איז בײַ מיר אַזאַ טבע, ווי זאָגט איהר: אַ יודינע האָט אין זיך ניין מאָס רעד . . .

אוי, אַ פרנסה גענז!... דאָס הייסט גענז איז אַ פרנסה אַפילו נישט קיין שלעכטע און אז גאָט גיט אַריין אין די גענז די ברכה, קאָן מען אין די גענז פערדינען אַ שעהן קערבעל, נאָר וואָס דען? דאָס טרעפט זיך איין מאָל אין צעהן יאָהר. גיכער קען זיך מאַכען מע זאָל ביי די גענז נישט פערדינען גאָר נישט; מע זאָל נאָך דערלעגען! היינט די האָרע-וואַניע וואָס אַרום די גענז איז אַזאַ גרויסע האָרעוואַניע אַז ס'איז הלעבען נישט כדאי דער גאַנצער טאַראַראַם! אי איז דאָך די קשיא: ווי באַלד אַז ביי די גענז איז קיין פערדינסט נישטאָ היינט צו וואָס בעדאַרף מען האַנדלען מיט גענז? איז דער תירוץ: וואָס דען וועט מען טהון, אַז איך האַנדעל שוין אַזוי פיעל יאָהרען מיט גענז!... בערעכענט נאָר. אויסבינדען עטליכע און דרייסיג פאָר גענז! אַוועקטראָגען צום שוחט עטליכע און דרייסיג פאָר גענז! ברענגען עטליכע און דרייסיג פאָר גענז! אָבפּליקען עטליכע און דרייסיג פאָר גענז! מאַכען, זאַלצען, אויסווייקען, אָבגיסען עטליכע און דרייסיג פאָר גענז! — די הויטען בעזונדער, די פלאָסטערן בעזונדער, די דרויב-לעך בעזונדער, די אָבדירקעס בעזונדער, פון אַלסדינג מאַכען געלד, נישט לאָזען געהן לאבוד קיין פיצעל נישט — און אלסדינג אַליין! קודם כל אויספרעגלען די הויטען מיט די פלאָסטערן, מאַכען פון זיי שמאַלץ. איך מאַך תמיד אַלע יאָהר פסחיגע שמאַלץ, וואָרום מיין פסחיגע שמאַלץ האָט אַ שם אין שטאָדט פאַר דער בעסטער כשר'סטער שמאַלץ. איך, אַז איך פרעגל פסח'יגע שמאַלץ ווער בייַ מיר אין מיטען חנוכה פסחיג אין שטוב. דעם אוויזען כשר איך אויס. דעם מאַן שיק איך אָב אין בית המדרש אַריין לאָז ער לערנען, די קינדער טרייב איך אַרויס לאָזען זיי געהן ערגיץ שפּיעלען אין דריידעל, און אַליין נעם איך זיך צו דער אַרבייט — פרעגלען שמאַלץ. און שמאַלץ האָט פיינד אַנ'איבריג אויג, ובפרט פסח'יגע שמאַלץ! איך האָב אַמאָל געהאַט אַ פסק אַז איך בין נישט היינט געדאַכט נישט פאַר איך געדאַכט נישט פאַר קיין שום יודען געדאַכט געזעסען ביי יענטען אין שבנות; עס זענען געזעסען דאָרטען נאָך שכנים. האָט זיך איינער אַ שכנה, גנעסע האָט זי געהייסען, פערגלוסט זיך איהר באַקען לאַטקעס פון רעטשענע מעהל און רוקא דעם טאָג וואָס איך קוילע גענז. בעט איך זי: גנעסיניו, האַרצעניו, ליובעניו! האַלט איין דעם יצר הרע אויף אַ טאָג. איהר וועט מאָרגען אם ירצה השם באַקען לאַטקעס! זאָגט זי: ביי מיר האָט איהר געפּועלט; נאָר די קינדער, זאָגט זי, וועלען געוואָהר ווערען; איך האָב, זאָגט זי, קינדער טרפה'נע העלזער וואָס האַל-טען שטאַרק פון דער אכילה, זיי וועלען דערהערען, זאָגט זי, אַז ס'איז

אוים לאַטקעס וועלען זיי מיך, זאָגט זי, אויפעסען לעבעדיגערהייד!... כך הוה: די קינדער האָבען דערהערט ליעגענדיג אויפ'ן אויווען אַז מע רעדט פון אָבלעגען די לאַטקעס באַקען אויף מאָרגען, האָט זיך איינער פון זיי, אַ זעליגעל, אַ יונגעלע מיט קאַסאָקע אויגלעך, צעשריגען אויף אַ קול: מאַמע! טאָמער באַקסט דו נישט קיין לאַטקעס פאַל איך אָטאָ אַראָב פונ'ם אויווען... מיר טהוען אַ קוק — אַ וועהטיג איז מיר — זעליגעל הענגט מיט'ן קעפּעל אַראָב, אָטאָ נאָך אַ מינוט פאַלט דאָס אַראָב און סע ווערט צעשאָטען אויף שטיקלעך! דערזעהן אַזאַ חתונה האָב איך אָנגעהויבען צו שרייען: גנעסיניו, נשמה'ניו, האַרצעניו, ליובעניו! באַקט לאַטקעס, באַקט!... מע זאָגט, הערט איהר, אַז איין אָרעמאַן האָט אַ קישקע אָהן אַ דנאָ, איז דאָס תורת משה! איהר זאָלט אָנקוקען בײַ דער גנעסען קינדערלעך. גאָט זאָל מיך נישט שטראָפען, איך רעד נישט חלילה קיין שלעכטס, און פון לשון־הרע בין איך ווייט... נאָר איך מיש איך, איינס מיט'ן אַנדערן, האָט קיין באַראַיבעל נישט, ס'איז בײַ מיר אַזאַ טבע, ווי זאָגט איהר: אַ יורינע האָט אין זיך נײַן מאָס רעד.

שמאַלץ פון די גענז... פון גענז קאָן מען אויף שמאַלץ אַליין נישט אַרויסקוקען, די שמאַלץ אַז עס געראָט שוין גוט אָב, קעהרט אום צוריק נאָר דאָס וואָס די גענז קאָסטען; דאָס פערדיענסט דאַרף מען זוכען פון די שאר ירקות. ראשית חכמה אָבדירקעס; אַז עס מאַכט זיך די אָבדירקעס געבען זיך אוים שעהן, און פלייש איז אין שטאָדט טייער, — פערצוקערט מען זיי! ווי זשע איז אָבער דער דין, אַז קצבים בײַ אונז שמײַסען זיך, און פלייש איז בזיל הזול, און די שטאָדט האָט דעם נגיד אויף צו להכעיס אַראָבגעבראַכט נאָך אַ שוחט, און יענער שוחט, דער אַלטער הייסט עס, האָט אײַנגעגעבען אויף דעם שוחט, אויף דעם נײַעם הייסט עס, אָבצוזעהן מסירות, און חוץ לזה האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג אויף איהם, אויף דעם נײַעם שוחט, הייסט עס, אַז ער, דער נײַער שוחט הייסט עס, איז אַ חברה־מאַן פון די הײַנטיגע חברה־לײַט פון די „צעניסטען", וואָס האָבען צו טהון מיט די חדרים און קלויבען „שקלים־געלד", און דער גביר אונזערער האַלט דאָך נישט פון די דאָזיגע צעניסטען, ער קאָן זיי נישט אָנקוקען; זיי זענען, זאָגט ער, גרויסע הולטײַעס, און ווי באַלד אַזוי איז דאָך די שחיטה זײַנע קיין שחיטה נישט, און נישט איטליכער איז אַ בעלן אויף פאַרטיגע אָבדירקעס. טענה איך מיט מײַנע קונה'טעס: „בײַ מיר מעגט איהר נישקשה קויפען אָבדירקעס, מײַן שוחט איז דער אַלטער שוחט". זאָגען זיי: „יאָ, איהר זענט אַוודאי זעהר גערעכט, נאָר וואָס דען? אויפ'ן בײַלעק שטעהט

בײַ זײ נישט אויפגעשריבען פון װעמענס שחיטה זײ זענען, פונ'ם אַלטען שוחט צי פונ'ם נײַעם שוחט״ . . . זאָג איך: „װאָס הײסט סע שטעהט נישט אויפגעשריבען, אַז איך זאָג אײך פונ'ם אַלטען שוחט. איז פונ'ם אַלטען שוחט; סײַדען, זאָג איך, איך בין שוין בײַ אײך נישט בעגלויבט, איז שוין, זאָג איך, עק װעלט״ . . . זאָגען זײ: אַ מאָדנע יודינע איהר זענט! איהר זענט בײַ אונז אויף אַלסדינג בעגלויבט, נאָר אַז מיר קאָנען אויספיהרען אַלײן שיקען צום שוחט קוילען גענז, װאָס זשע דאַרפען מיר אָבּדירקעס, װאָס מיר קאָנען נישט װיסען װעמענס שחיטה דאָס איז? טפו! װידער אַ מאָל, זאָג איך, דאָס אײגענע? אַז איך שװעהר אײך בײַ מײַן מאַן און קינדער, איהר װײסט, זאָג איך, ס'איז בײַ מיר אַ גוטע שבועה! זאָגען זײ: צו װאָס דאַרפט איהר זיך שװעהרען, אַז מיר גלויבען אײך סאַי װסאַי? זאָג איך: נו, נעמט זשע צו בײַ מיר אַ פּאָר אָבּדירקעס, לאָס איך מאַכען גרינגער דעם קאָשעק. זאָגען זײ: „מיר קענען נישט נעמען בײַ אײך קײן אָבּדירקעס איבער דער שחיטה״ . . . נו? געה טעסע פלעקער! אַרײַנגעהן אין יענעמס לאַגע דאָס איז נישטאָ! רחמנות האָבען: אַ יודינע מאָרדעװעט זיך אָן מיט גענז, מע מײנט טאָמער, איך װײס, מע װעט עפּיס פעדדינען, עס האָט זיך געשטעלט אַזאַ װינטער, האָלץ איז נישטאָ, שטרוי איז טײַער, אַ רענדעל אַ װאָגען שטרוי, און די קינדער נעבּאַך לויפען באָרװעס אין חדר אַרײַן, קומען צו געהן אַהײם ברוין און בלוי, חאַפּען זיך אַרויף אויפ'ן אויװען, נאָרען זיך אײַן װי די קראָליקלעך און קוקען אַרום אויף הײסע קאַרטאָפלעס, און קאַרטאָפלעס איז מיט גאָלד גלײַך, אַ סך איז נישט געראָטען און אַ סך איז פערבליבען אין דער ערד. אַ שטאָדט! עמיצער זאָל זיך דאָס אַרומקוקען, אָרעמע לײַט געהען אוים פון קעלט, אָרעמע לײַט שטאַרבען, שװאַכען פון הונגער, קינדער פאַלען װי שטרוי, װי פליגען, מיט חסד װי זאָגט איהר אָרעמע לײַט שטאַרבען, גאָט זאָל מיך נישט שטראָפען, איך רעד נישט הלילה קײן שלעכטס און פון לשון הרע בין איך װײַט . . . נאָר איך מײש אײך אײנס מיט'ן אַנדערן, האָט קײן פאַראיבעל נישט, ס'איז בײַ מיר אַזאַ טבע, װי זאָגט איהר: אַ יודינע האָט אין זיך נײַן מאָס רעד . . .

די אָבּדירקעס פון די גענז . . . מע זאָל װעלען, הערט איהר, אַרומקוקען אויף די אָבּדירקעס אַלײן, װאָלט מען שעהן אויסגעזעהן מיט די גענז! אַ הויז אָבּדירקעס איז פאַרהאַן בײַ גענז די דרויבלעך: גריװען, לעבערלעך, פּיפּיקלעך, קעפּלעך און פיסלעך, גערגעלעך, פליגעלעך, פינגעלעך און הערצעלעך און נירלעך, הײנט העלזלעך! פאַרהאַן בײַ מיר

איינע אַ בעל־הבית׳טע, פּעטשעריציבע הייסט זי, נעמט זי צו בײַ מיר אַלע העלולעך וויפיעל איך האָב; עס מעג זיין אַ האַלבע מאה העלולעך, לאָזט זי מיך נישט אַרויס. דער מאַן איהרער, זאָגט זי, פּעטשעריצי הייסט עס, איז אַ ליעבהאָבער פון ברוסט אין פון העלולעך; ברוסט האָט ער ליעב זאָגט זי קאַלטערהייד מיט פעפער בעפעפערט, און העלולעך געפילטע מיט מעהל, אָדער מיט קאַשע, אָדער מיט פּאַ־פּעלעך, אָדער מיט לעבער און מיט גריוועןן, געבראָטען בעזונדער, אָדער געקאָכט אין מייערן. וואָס זשע מיינט איהר? ווי די מתים עסען אַזאַ פנים האָבען זיי, ער זעהט קיין עין הרע אויס קעגען מיין מאַן ווי אַ יונג פון אַ יאָהר עטליכע און דרייסיג; חאָטש ער איז עלטער פון מיין מאַן מיט גוטע צעהן יאָהר... און חאָטש מיין מאַן טהוט אויך קיין שום אַרבייט נישט, זיצט ער חאָטש און לערנט, און אַז ער קומט אַהיים, וועט ער נישט זאָגען ווי אַנדערע מאַנען: „הער נאָר, דו, גיב עפּיס עסען!" ער, אַז ער קומט אַהיים פון בית המדרש, איז דאָס ערשטע נעמט ער זיך צו אַ ספר, קוקט אין ספר אַריין און זיפצט — זיפצט שטילערהייד — אַ סימן אַז ער וויל עסען. נאָר זאָגען גיב עסען — דאָס איז נישטאָ. וואָס דען? אַ קרעכץ און אַ נעם מיט דער האַנד בײַ׳ם האַרצען און אַ זאָג: „אָך — אָך — אָך!" — אַ סימן אַז ער איז גוט הונגעריג. „וועסט עפּיס אפשר נעמען אין מויל אַריין?" פרעגט מען איהם. מאַכט ער צו מיר: „מהיכא־תיתי"... וויפיעל מאָל איך זאָג איהם: איך פערשטעה נישט, האָסט דאָך אַ מויל קאָנסט דו דאָך זאָגען אַז דו ביזט הונגעריג, וואָס דאַרפסט דו זיצען און קרעכצען?... ענטפערט די וואַנד? איך וואָלט וועלען אומיסטען זעהן וואָס וואָלט געוועזען איך זאָל איהם דרייַ טאָג כּסדר נישט געבען קיין עסען? איהר מיינט ער איז חלילה אַזאַ איין אָבגעריסענער נאַרר? ווי קאָן אַ יוד אַ למדן אַ מופלג זיין אַ נאַר? ער זאָל צו זיין קענען הערט איהר וואָס ער קען לערנען נאָך זיין אַ ביסעלע מעהר קריכער וואָלט ער דען נישט געקאָנט זיין בײַ אונז אַ רב? אַי וואָס וועלען מיר טהון מיט׳ן אַלטען רב? למאי וואָס וועלען מיר טהון מיט׳ן אַלטען חזן? מע האָט נייטיג בעדאַרפט צו נעמען אַ נײַעם חזן אין שול כּדי דער אַלטער זאָל שטאַרבען פון הונגער, טאָמער איז ער געוועזען פריהער הייסט עס אַ קלייַנער אֶביון? באשר, דעם גביר האָט זיך פערגלוסט זינגען! ווילסט זינגען? געה אין טרעיאַטער להבדיל וועט מען דיר דאָרטען זינגען צעזעצטערהייד!... איך זאָל זיין הערט איהר אַ מאַנסביל, וואָלט איך זיך מיט די גבירים גערעכענט. אוי וואָלט איך מיך מיט זיי גערעכענט! איהר מיינט איך האָב עפּיס צו זיי? איך האָב צו זיי גאָר נישט

נאָר איך האָב זײַ פֿײַנט, איך האָב פֿײַנט אַ נגיד! אַ נגיד און אַ שפּין, גאָט זאָל מיך נישט שטראָפֿען, איך רעד נישט חלילה קײַן שלעכטס און פֿון לשון הרע בין איך ווײַט... נאָר איך מיש אײַך אײַנס מיט'ן אַנדערן, האָט קײַן פֿאַראיבעל נישט, ס'איז בײַ מיר אַזאַ טבע, ווי זאָגט איהר: אַ יודינע האָט אין זיך נײַן מאָס רעד...

מע האָט פֿון די גענז... מײַנט נישט אַז מע פֿערקויפֿט שוין אויס די גאַנצע שמאַלץ מיט אַלע אָבדירקעס מיט אַלע דרויבלעך פֿון די גענז ווערד מען שוין גליקליך. גענז זאָלען נישט האָבען קײַן פּאַך און קײַן פֿעדערן אויף זיך וואָלט נישט כּדאי געווען דער גאַנצער עסק. פֿריהער, אַז איך האַלט נאָך בײַ פֿערוואַרפֿען די גענז, סקובּע איך זײַ שוין אונטער, די גענז, אונטער די פּאַכוועלעך, און קלויב צענויף דאָס ביסעל פּאַך. נאָך דעם, נאָכ'ן קוילען, שמועסט מען נישט; דאָס ביסעל פּאַך בעזונדער און די פֿעדערן בעזונדער, און איך גרײַט מיר צו אַרבײַט אויף אַ גאַנצען ווינטער. די נעכט זענען דאָך געווג גרויס, מע קען זיך גענוג אָנפּליקען. פּליק איך... אַצונד האָב איך אַ שטיקעל הילף: מײַדלעך; מײַדלעך זענען נישט קײַן יונגלעך; יונגלעך געהען אין חדר אַרײַן און מײַדלעך וואָס? מײַדלעך זענען גענז, זיצען און האָדעווען זיך, און וואַכסען; זעץ איך זײַ אַנידער נעבען זיך איבער אַ זיפּ: העלפֿט, קינדערלעך, פּליקען פֿעדערן, איך וועל אײַך דערפֿאַר אַם ירצה השם מאָרגען שענקען אַ גריוו, בעשמירען אַ שטיקעל ברויט מיט שמאַלץ, אָדער גאָר צושטעלען אַ זופּ פֿון קישקעלעך! אַהאַ, זאָלט איהר זעהן ווי סע ווערד אַ גדולה און מע נעמט זיך צו דער אַרבײַט — אַ קלײנינקײַט אַ זופּ פֿון קישקעלעך! וואָס משטײַנס געזאָגט אַז קײַן פֿלײש קוקט מען נישט אָן אַ גאַנצע וואָך, חוץ שבת! איך זאָל נישט האַנדלען מיט קײַן גענז, ווײס איך נישט וואָס איך וואָלט געטהון אַגאַנצע וואָך מיט די קינדער! אַזוי וואַרפֿט זיך פֿאָרט דורך אַ פּלאָסטערל, אַ גערגעלע, אַ קעפּעל, אַ פּיסעל, אַ קישקעלע, אַ ביסעל שמאַלץ, דער ריח אַליין איז שוין גענוג! אַז איך בין געזעסען נישט היינט געדאַכט נישט פֿאַר אײַך געדאַכט נישט פֿאַר קײַן שום יודען געדאַכט, אין שכנות, בײַ יענטען הײַסט עס, האָב איך אַליין געהערט פֿון גנעסעם מויל, אַז עס קומט, זאָגט זי, די צײַט פֿון חנוכּה און איהר הויבט זיך אָן, זאָגט זי, פּאָרען מיט די גענז, בײַם פּסחיגען שמאַלץ, קומט, זאָגט זי, אויף מײַן „חאַליאַסטרע" אַ נײַע הויט; פֿונ'ם ריח אַליין, זאָגט זי, פֿערדרעהט זיך זײַ שוין דאָס קעפּעל אין סע מאַכט זיך זײַ אויס אַז זײַ עסען גענזענס... איהר מײַנט ס'איז מיר געווען אַנגענעהם אָנצוקוקען

גנעסעס חאַליאַסטרע קײַן עין הרע װי זײַ קוקען אַראָב פונ'ם אויפ'ן אויװען,
זעהען פאַר זיך אַזאַ טאָפּ שמאַלץ מיט אַזוי פיעל גריװען און ניִשט איים-
ציהען קײַן הענדטעל אַפילו, נאָר ליעגען און קיקען נעבאַך װי הונגעריגע װעלף
און בעלעקען זיך, און די אויגלעך בשעת מעשה גלאַנצען, — אַ גאָטס
רחמנות צו זעהן דעם צער, שטופּט מען זײַ אַרײַן דאָרטען אַ גריװו אין
הענדטעל, מע טהוט זײַ אַ שמיר אַ ביסעל שמאַלץ איבער די ליפּען, װאָס
נאָך איך בעט אייך? װי קאָן איך אָנהאָרעװען אַזוי פיעל מײַלער, אַז
איך בין אַלײַן אָפּגעשאָטען קײַן עין הרע מיט קינדער, און דער מאַן
פערדיענט נישט קײַן צװײַ צעבראָכענע גראָשען, און שולדיג איז מען
אויף די גענז איך זאָל עס פערמאָגען אַ דריט-חלק מיט אייך אין-איינעם,
און פריצענט װאַכסט װי מיט רוהות און צאָהלען מוז מען, װעל נישט
געהן פערבאָדען זיך, בלײַבען איין אָנזוצערין חלילה אַזוי װי יענטע אַ
שטײַנער, װאָס האָט נישט אָבגעצאָהלט דעם שװאָגער פאַר דער אַנדערער
האַלבע דירה צוליעב'ען זוהנדעל, װאָס שטודירט זאָגט מען אין די קלאַסען
און שרײַבט אום שבת... אַזוי זאָגט די װעלט, איך בין דערבײַ נישט
געשטאַנען, איך האָב פײַנט זאָגען דאָס װאָס איך װײס נישט און פון
בערעדען יענעם אַנטלויף איך: איך פרעג נאָר איין זאַך צו װאָס בעדאַרף
עס יענטעס זוהנדעל זײַן אַ געשטודירטער? אַז בסך הכל איז ער גאָר אַ
קראַנקער משטײַנס געזאָגט, אַ טשעכאָטניק, זײַ זענען אַלע נישט דאָ גע-
דאַכט נישט פאַר אייך געדאַכט נישט פאַר קײַן שום יודישער שטוב גע-
דאַכט טשעכאָטניקעס, לאָז ער איהר לעבען הונדערט צװאַנציג יאָהר,
איך בין איהר אַ גוטער פרײַנד, װאָס האָב איך צו איהר? האָטש אַז מע
װיל צוריק האָט זי קעגען מיר נישט אַזוי יוצא געװעען! מע נעמט
נישט און מע רויכערט נישט אַרוים קײַן שכנים אין מיטען פאַר פּסח,
װאָס איז? באשר משה דער װאַסער-פיהרער קען צאָהלען אַ קערבעל
אַ װאָך, און איך נישט! לאָז זי זיך בעריהמען דעמאָלס אַז ער
װעט איהר בעצאָהלען! ס'איז גאָר אַ סברא אַז אָט דער משה איז
אַ בעל-חוב, די האָר זענען נישט זײַנע. פערנומען בײַ אַלע בעלי-
בתים פאַר װאַסער אויף אַגאַנצען װינטער, און אַ קבצן איז ער אויך
אַ גוטער, און אַ װײַב האָט ער, פּעסע רופט מען זי, אויך אַ גוטע
שטוקע, גאָט זאָל מיך נישט שטראָפען, איך רעד נישט חלילה קײַן
שלעכטס, און פון לשון הרע בין איך װײַט... נאָר שאַט... מיר
דאַכט זיך איך האָב אייך געװאָלט עפּיס דערצעהלען אַ שעהנס? פרעגט
מיך בחרם, איך האָב שוין אַלײַן אויך פערגעסען װ ו אָ ס!... אָט די

ווייבער, הערט איהר, איז אייך קיין קאטאוועס נישט, דאס איז עפּיס א מין פאלק!... אט האב איך אייך דא אויסגעמישט פון כל מאמינים שהוא, קאשע מיט בארשטש און מיט לעבערלעך און מיט נעכטיגע טעג, טאמער ווייסט איהר וואס? א יודינע, הערט איהר, האט טאקי אין זיך ניין מאס רעד!!... איך וועל אייך שוין מוזען אפלעגען די מעשה נאך אויף א מאל.



# לעבענס בעשרייבונגען

(ביאגראפיע).

| | ק' | ר' |
|---|---|---|
| **סיפאווסקי:** | | |
| „סאקראטעס" דער גרויסער גריכישער פילאזאף. | 20 | |
| **ש. ל. הורוויץ:** | | |
| „בנימין פראנקלין" זיין לעבענס-בעשרייבונג און די בעפרייאונג פון אמעריקא. | 20 | |
| **א. יצחקי:** | | |
| „פ. סמאלענסקי" זיין ביאגראפיע. | 20 | |
| **א. ברעסלער:** | | |
| „יוסף פערל" זיין ביאגראפיע, ליטערארישע און אלגעמיינע ארבייט. | 10 | |





# אברהם רייזענס ווערק.

| | ק' | ר' |
|---|---|---|
| **שריפטען:** | | |
| I באנד נעזאמעלטע לידער. | 25 | 1 |
| II באנד מענשען און וועלטען . . געשטאלטען | 25 | 1 |
| ערצעהלונגען און בילדער. | 25 | |
| צייט לידער. | 20 | |
| לידער פון לעבען. | 50 | |
| דאס יודיש ווארט (זאמעלבוך). | 75 | |
| 20-טער יאהר-הונדערט. | 50 | |
| יאהרבוך „פראגרעס" (זאמעלבוך) | [illegible] | |
| קונסט און לעבען (זאמעלבוך). | 80 | |
| רעפעטיציע. | [illegible] | |
| נטע ברידער (איינאקטער) | 5 | |
| דער פוילישער גלח. | 5 | |
| פערשפעטיגט. | 5 | |
| ציגיינערין. | 5 | |

# אויסגאַבען פון „פאַמיליען-ביבליאָטעק" וואַרשאַ.

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1) | פּעסעלע דעם רבנ'ס | שלום עליכם | 5 |
| 3) | דער קוש | ל. שפּירא | 5 |
| 4) | אלמנה נומר 1 | שלום עליכם | 5 |
| 5) | אלמנה נומר 2 | שלום עליכם | 5 |
| 6) | אלמנה נומר 3 | שלום עליכם | 5 |
| 7) | פערשפּעטיגט | אברהם רייזען | 5 |
| 9) | גוטע ברידער קאָמעדיע | אברהם רייזען | 5 |
| 10) | מאָמענטען | שלום אש | 15 |
| 11) | אַ וויגרישנער בילעט | שלום עליכם | 15 |
| 12) | שמואליק | שלום עליכם | 5 |
| 13) | יוסף דער דזענטעלמאַן | שלום עליכם | 10 |
| 14) | די יונגע ליעבע | ד. פּינסקי | 5 |
| 15) | שפּרינצע | שלום עליכם | 5 |
| 16) | דער שפּיאָן | מ. טייטש | 5 |
| 17) | די יורשים | שלום עליכם | 5 |
| 18) | מיטין עטאַפּ | שלום עליכם | 15 |
| 19) | די ערשטע קאָמונע | שלום עליכם | 10 |
| 20) | דער בלינדער | גיואַי דע מאָפּאַסאַן | 5 |
| 21) | חיה, טביה דעם מילכיגער'ס | ש. ע. | 5 |
| 22) | די ערשטע יודישע רעפּובליק | ש. ע. | 10 |
| 23) | 13 פּעראייניגטע שטאַאַטען | ש. ע. | 10 |
| 24) | 13 געפּאַנגענע | שלום עליכם | 10 |
| 25) | עולם הבא | שלום עליכם | 10 |
| 26) | דער קרבן | יעקב גאָרדין | 5 |
| 27) | הונדערט איינס | שלום עליכם | 5 |
| 28) | די ציגיינערין | אברהם רייזען | 5 |
| 29) | ערב-פּסח'דיגע עמיגראַציע | ש. ע. | 5 |
| 30) | שמעון | גיואַי דע מאָפּאַסאַן | 5 |
| 31) | דער יונגסטער פון די מלכים | ש. ע. | 5 |
| 32) | די באַראָנעסע | וו. דאָראָשעוויטש | 5 |
| 33) | אין יענער צייט | מענדעלע מו"ס | 10 |
| 34) | טביה'לע | יעקב דינעזאָהן | 5 |
| 35) | אָרעמקייט איז קיין שאַנד | " | 5 |
| 36) | אויף יענער זייט סמבטיון | ש. ע. | 10 |
| 37) | שלאָפען ווילט זיך | א. טשעכאָוו | 5 |
| 38) | ל"ג בעומר | שלום עליכם | 5 |
| 39) | מתושלח אַ יודיש פערדיל | ש. ע. | 5 |
| 40) | דער זייגער | שלום עליכם | 5 |
| 41) | מילכיגס | שלום עליכם | 5 |
| 42) | אַ מעשה אָהן אַנ'עק | שלום עליכם | 25 |
| 43) | ווען איך בין ראָטשילד | שלום עליכם | 5 |
| 44) | אַ פּוילישער גלח | אברהם רייזען | 5 |
| 45) | גזלנים | שלום עליכם | 6 |
| 46) | אַ גרויסער געווינס | שלום עליכם | 8 |
| 47) | סאָפיע | ב. גאָרין | 5 |
| 48) | צוויי טויטע | שלום עליכם | 8 |
| 49) | דאָס פּאָר-פּאָלק | שלום עליכם | 8 |
| 50) | קאָנקורענטען | יונה ראָזענפעלד | 5 |
| 51) | מענשען | שלום עליכם | 15 |
| 52) | שמשון שלמה | יעקב דינעזאָהן | 5 |
| 53) | בלינצעס | שלום עליכם | 7 |
| 54) | טביה דער מילכיגער פאָהרט אין ארץ-ישראל | שלום עליכם | 7 |
| 55) | בעשיינט די חתונה | מ. ספּעקטאָר | 5 |
| 56) | גאָלד-שפּינערס | שלום עליכם | 5 |
| 57) | די שטאָדט כתרילעווקע | שלום עליכם | 5 |
| 58) | פיר זענען מיר געזעסען | ש. ע. | 15 |
| 59) | די דערטרונקענע | ס. מעטערלינק | 5 |
| 60) | פריהער און שפּעטער | ג. וועגדראָף | 5 |
| 61) | די גרויסע בהלה | שלום עליכם | 15 |
| 62) | דער דיספּוט | ל. טאָלסטאָי | 5 |
| 63) | ביים קעניג אחשורוש | שלום עליכם | 5 |
| 64) | מיין ערשטער ראָמאַן | שלום עליכם | 10 |
| 65) | דער גאַסען-הענדלער | א. פראַנס | 10 |
| 66) | ראַבטשיק אַ יודישער הונד | ש. ע. | 5 |
| 67) | בערדיטשעווער טראַמוואַי | ש. ע. | 5 |
| 68) | בערדיטשעווער האָטעלען און רעסטאָראַנען | שלום עליכם | 8 |
| 69) | בערדיטשעווער טעאַטער | ש. ע. | 5 |
| 70) | בערדיטשעווער שרפות | ש. ע. | 5 |
| 71) | די פרעהליכע קאָמפּאַניע | ש. ע. | 15 |
| 72) | די געפאַלענע פרוי | א. גאַרשין | 10 |
| 73) | די נקמה | א. רייזען | 5 |
| 74) | די ווייסע כפרה | שלום עליכם | 10 |
| 75) | דער טיירטער אתרוג | שלום עליכם | 10 |
| 76) | אַ בוידעם אַ מעשה פון טביה מילכיגער | שלום עליכם | 7 |
| 77) | היינטיגע קינדער | שלום עליכם | 8 |
| 78) | חנוכה-געלד | שלום עליכם | 7 |
| 79) | אַלעמען גלייך | שלום עליכם | 10 |
| 80) | אַ פערשטערטער פּסח | שלום עליכם | 7 |
| 81) | | שלום אש | 5 |
| 82) | אונטערען באַנק | מ. ספּעקטאָר | 5 |
| 83) | צוויי שלח-מנות'ן | שלום עליכם | 5 |
| 84) | גלות-דאַטשע | שלום עליכם | 5 |
| 85) | אין די וואַרעם-בעדער | ש. ע. | 15 |
| 86) | מילכיגס | שלום עליכם | 5 |
| 87) | אויסגעטרייסעלט | שלום עליכם | 5 |
| 88) | אַ כלה אויף מבינות | א. רייזען | 5 |
| 89) | חרוסת | שלום עליכם | 5 |
| 90) | אַ פריהער פּסח | שלום עליכם | 5 |
| 91) | זעליג מעכאַניק | שלום עליכם | 10 |